שלום עליכם.

בערדיטשעווער

# טראמוואי

# און האטעלען.

פרייז 6 סענט.

ניויארק, 1908

געדרוקט ביי רעזניק & קאפלאן. 168 הענרי סטריט.

# גאנץ בערדיטשעוו

א ריכטיגע בעשרייבונג פון דער שטאדט בערדיטשעוו

מיט אלע איהרע אנטיקליך

## I. בערדיטשעווער טראמוואי

## II. בערדיטשעווער האטעלען

פון שלום עליכם.



נויארק, 1908

פרינטעד ביי רעזניק & קאפלאן, 168 הענרי סט., נויארק.

# גאנץ בערדיטשעוו

(א ריכטיגע בעשרייבונג פון דער שטאָדט בערדיטשעוו
מיט אַלע איהרע אנטיקליך).

## פון שלום עליכם.



### פארר עדע.

אין דער לעצטער צייט האָבען אָנגעהויבען ארויסנעהען אויף דער וועלט אלערליי בעשרייבונגען פון שטעדט און פון לענדער, וכדומה אזעלכע ניצליכע ביכער, האָב איך מיך מישב געווען אזוי: אומעטום טאַנצען מיר זיי נאָך; ביי זיי איז פאראַן גאזעטען—ביי אונז איז פאראַן גאזעטען; ביי זיי איז פאראַן „נאווי־גאָד“, ביי אונז איז פאראַן „נאָווי־גאָד; ביי זיי איז פאראַן „יאָלקעס“,—ביי אונז איז פאראַן „יאָלקעס“. . . ביי זיי איז פאראַן גאַנץ פעטערבורג און גאַנץ מאָסקווי, פאר וואָס זאָל ביי אונז ניט זיין גאַנץ בערדיטשעוו? דער חלוק איז נאָר, וואָס ביי זיי, אַז זיי געבען ארויס אַזא מין בוך, געבען זיי דאָס ארויס גלאַט אזוי, מפּי השמועה, דאָס הייסט: דער האט געהערט פון יענעם, און יענער האט געהערט פון דעם, אז יענער האט געהערט זאגען, אדער ער האט ערגיץ געלייענט, אז ס'איז פאראַן ערגיץ אין פעטערבורג אדער אין מאָסקווי דאָס און דאָס . . . איך האָב מיך ניט געוואלט פערלאָזען אויף קיין נסים, וואס דער וועט מיר דערציילען, אדער וואס קאָרעספּאָנדענטען וועלען מיר שרייבען. איך האָב מיך מטריח געווען אליין מיט מיין כבוד און בין זיך אליין דורכ־געפאהרען אויף א קליינער צייט קיין בערדיטשעוו, אליין אומעטום

געווען, אליין מיט מיינע אויגען אלסדינג געזעהען, אליין איטליכע זאך געהערט און אליין בעשריבען איטליכעס פיציל אויף פאפיער. געבענטשט זאלען זיין די פיס וואס געהען אליין, די אויגען וואס קוקען אליין, די אוירען וואס הערען אליין—און די הענד וואס שרייבען אליין . . .

ווידער איז פאראן א גרויסער חסרון אין זייער שרייבען: זיי אדער זיי פערלייקענען גאר דעם גאנצען אמת, שעמען זיך אפנים ארויס זאגען, אדער זיי זאלצען שוין אזוי פיעל איבער אז עס קומט אויס משונה ווילד אומגעלומפערט.

ואני—און איך האב ניט אזוי געטהון, איך האב גוט אכטונג געגעבען דערויף, אז איטליכע זאך וואס איך בעשרייב, זאל דאס זיין פונקטליך ווי דאס איז, כשר, ריין, חלילה נישט מגזם געווען אויף אהאר; מחמת ס'איז דאך ניט קיין ראמאן, וואס איינער טראכט אויס פינ'ם קאפ . . .

נאך אצוויי ווערטער בעדארף איך דא ארויסזאגען: דאס בערדיטשעוו וואס ווערט דא בעשריעבען איז ניט יענער בערדיטשעוו וואס איהר מיינט, חס וחלילה! פאראן נאך אבערדיטשעוו, נעמט זייט מוחל די געאגראפיע, קוקט אריין, וועט איהר עפעס זעהען.



I.

# בערדיטשעווער טראַמוואַי.

אנגעקומען בין איך קיין בערדיטשעוו מיט'ן באהן ארום נאך סוכות ציים אין דער פריה פאר'ן דאווענען. אין דרויסען האט געמראקעט אקליין רעגענדעל און ס'האט זיך געבילדעט פון דעם אנרויס שיטער בלאָטקעלי, אויפין וואקזאל האבען זיך אלאָז געטהון אקעגען מיר אגאנצע קאָמאנדע הויז־משרתים מיט געלע בערד, מיט געלע בלעכליך אויף די געלע אבגעבארעטע קאפּאָטעס און מיט געלע קאשקעטליך.

—פעטער! גראנד אטעל!

—אָטעל פראנציא, פעטער!

—פעטער! איטאליא! פעטער!

—נאהינט! ריין! כשר! וואָלוועל . . .

דורגעלאָפען מיט גאָטס הילף דורך דער דאָזיגער קאָמאנדע הויז־משרתים בשלום, האָב איך מיך ארייננעכאפּט צווישען איין אנדער חברה בעלי־עגלות מיט גרויסע שטיוועל און מיט לאַנגע בייטשען די דאזיגע חברה־לייט האבען מיך ממש שיער נישט צוריסען אויף שטיקליך. איינער איונגאטש מיט ביינער, האט ביי מיר בעל כרחו אויסגעריסען מיין טשעמאדאנטשיק, האב איך געמאכט זעהר אגרויסען גוואלד: „מיינע כתבים!“ מיינע פאפירען!“ . . . האבען זיך צוויי אנדערע בעלי־עגלות אָנגענומען מיין קריוודע, מיך געוואָלט נעמען צו זיך, און ס'איז געוואָרען צווישען זיי אגעשלעג. בתוך כך האב איך געחאפּט מיין טשעמאדאנטשיק, אויס געגליטשט זיך פון זייערע הענד און האב זיך געלאָזט גלייך צום טראַמוואַי.

—אהער ברידערליך, אהער! אפיטאקעל אפאָהר! פון דאנען ביז'ן עק בעלעפיליר גאס, סך הכל איין פיטאקעל! . . .

דאס שרייט דער קאנדוקטאר אליין. איונגער־מאנטשיק מיט אנגעל בע־דיל, אויף אהאָרחעלדיגע שטימע, מיט ארייזע־טאש אויפ'ן האלז און מיט אקעפיל אויפ'ן קאָשקעטעל. נעבען איהם שטעהט נאך איינער, איוד מיט אצוריכענע קאפאָטע און מיט אבייטש, דער קאָוטשער פונ'ם טראמוואי. ביידע ווייזען מיט די הענד אויף אמין ביידיל, וואס שטעהט איינגעבויגען אביסעל אויף אזייט, מיט אויסגעזעצטע שויבען, וואס מע רופט דאס „וואגאָן". ביי אלאנגען דישעל שטעהט צוגע־שפאנט אוויים פערדיל, מיט אשיטערין ווידיל, האלט אראָבגעלאָזט די מאָרדע און דרעמעלט.

—פאוואָלי נאר—זאגט צו מיר דער קאנדוקטאר—איהר זאלט זיך ניט פערטשעפען דאדט; עס בעהלט אברעטיל אין דער פאָדלאָגע.

איך זעטץ מיך אריין פאמעליך אין וואגאָן, לייג אנידער נעבען זיך דעם טשעמאדאנטשיק און ווארט. ס'איז קילבליך; איך קלאפ אפוס אן אפוס.

קאנדוקטאר!—זאג איך צום יונגען מאן—מיר וועלען אמאל פאהרען, צו ניין?

אם ירצה השם, מיט גאטס הילף! ענטפערט מיר דער קאנדוקטאר, —געב נאר אהער אביסעל טוטין, דו, יוסיל!—מאכט צו איהם דער קאוטשער, וואס מיט דער בייטש און מיט דער צוריכענער קאפאטע.

—איהר זענט ניט קראנק צו רייכערען קארענציס, רב כתריאל!

—האקט איהם אב יוסיל דער קאנדוקטאר—פון גוטען טוטין קען אייך חלילה ווערה טהון דער קאפ!

—מאך ניט קיין אשטעלען, דו כמארק איינער, און געב אהער אציגאר טוטין—זאגט צו איהם כתריאל דער קאוטשער, און דער קאנדוקטאר מיט'ן קאוטשער פערדרעהען צו פאפיראסען.

—ווען וועלען מיר פאהרען?—פרעג איך ווידער ביים קאנדוקטאר.

—היינט-ענטפערט ער מיר גאנץ קאלטבלוטיג און גיט דעם קאוטשער פערוויכערען.

איך ווארט און ווארט ביז עס הויבען אָן ביסלעכווייז צונויפ־קלויבען זיך פאר׳שוינען. פריהער קריכט אריין איוד מיט אצוריסען טולופיל פון אמין רויכווארג, וואס איז שווער צוטרעפען, וואס פיר אחיה האט נעטראגען די דאָזינע פעל! זאל איך זאגען אבוקס—איז דאס צו ווייס; זאל איך זאגען אקאץ—א׳ז דאס צו רויט; אבער—איז דאס צו פלאַטשיג; אהונד—איז דאס צו רייך; אוואָלף—איז דאס צו אָרעם . . . נאך דעם יודען מיט דעם צוריסענעם טולופיל קריכט אריין נאך איוד אָהן אטוליפ, אנגעפרוירענער נעביך, קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען, זיפצט און זוכט איין ארט און זעצט זיך אנידער ביי דער טהיר אין אווינקעל . . . נאך דעם געפרוירענעם יודען קריכט אריין אקאָשעק מיט עפעל און תיכף נאכ׳ן קאָשעק איורענע, איינגעווי־קעלט אין דריי שאלען, און אלע דריי שאלען זענען צו פלאַכטען און מע זעהט אז ס׳איז איהר נעביך קאלט . . .

—פיאויט! רב כתריאל! פאשאל! רופט זיך אן יוסיל דער קאנ־דוקטאר צו כתריאל דעם קאוטשער, טהוט אפייף און דער טראמוואי ריהרט זיך פונ׳ם ארט. ער געהט אב עטליכע טרים און שטעלט זיך באלד אנידער. עס עפענט זיך אויף דאס טהיריל פונ׳ם וואגאן און עס בעווייזט זיך אקאפ.

—נישט פאראן דא מיטה?

—וואסער משה? פרעגט יוסיל קאנדוקטאר.

—משה פיציכיס!—ענטפערט די קאפ.

—אבחור מיט איין אלטען קאשקעט? -פרעגט יוסיל קאנדוקטאר.

—אבחור מיט איין קאשקעט—ענטפערט די קאפ.

—ער דינט אין א„זאליאזנע“ קראָם? פרעגט איהם יוסיל.

—אין א„זאליאזנע“ קראם—ענטפערט די קאפ.

—איך קען איהם—מאכט יוסיל קאנדוקטאר, טהוט אפייף צום קאוטשער: פּויט! רב כתריאל! פּאשאל!
און מיר פאהרען ווייטער.

—אבילעט!—רופט זיך אן צו מיר דער קאנדוקטאר—איהר וענט מיר עפּעס נישט קענטליך, אפּנים נישט קיין היגער? . . . . .
איהר רעכענט דא שטעהן לאנג? קען איך אייך פערפיהרען אין אסטאנציע, דווקא ניט קיין האָטעל, נאר אריינע, אהן וואנציז . . .
און עסען וועל איך אייך אנווייזען איין ערטיל, וואו עס וועט אייך קאַכטען וואָלוועל און איהר וועט האבען הנאה . . .

איך דאנק איהם זייער און זאג איהם, אז איך האב דא בעקאנטע; פרעגט ער: ווער זענען זיי, וואס זענען זיי און וואס איז זייער טהועכיץ? . . . איך טראכט איהם אוים אנאָמען פון דער הגדה אין טשעפּע מיך אב פון איהם . . ער לאזט מיך צורוה און געהט צו צו'ם יודען מיט'ן מולופיל און הייסט איהם נעמען אבילעט, דער יוד מיט'ן טולופיל קנייטשט מיט די פּלייצעס:

—ווייס איך! איך האב דען אנראָשען אפילו ביי דער נשמה? . . .

—שוין דאס דריטע מאל היינטיגע וואך, אז איהר פאהרט אהן אבילעט.—זאגט צו איהם יוסיל קאנדוקטאר מיט פּערדרוס.

—נו, בכן זאל איך געהן צו פיס? צו זאל איך געהן ערגיץ גנבה'נען פון דיינעטוועגען? ענטפערט איהם דער יוד מיט'ן טולופיל אויך מיט פערדרוס.

יוסיל קאנדוקטאר טהוט אמאך מיט דער האנד און געהט אוועק פון איהם צו יענעם געפרוירענעם יודען, וואס אהן אטולופּ. יענער מאכט זיך ווי ער דרעמעלט.

—הערט נאר, זייט זשע מוחל, אבילעט!

דער יוד מאכט זיך ווי ער הערט ניט, דער קאנדוקטאר איז איהם מכבד מיט אשנאל אין נאז אריין.

—רב יוד! זייט זשע מוחל, אבילעט.

—שמעתי!—ענטפערט איהם דער יוד בלומרשט אויפגעכאפּט פונ'ם שלאף און רייבט אהאנד אין אהאנד.

אבילעט! מאכט צו איהם נאך אמאל יוסיל קאנדוקטאר.

—שמעתי! ענטפערט איהם ווידער אמאל דער יוד און האוקעט זיך אין די קולעקעס אריין.

—וואס טויג מיר אייער שמעתי?—זאגט צו איהם יוסיל קאנ־דוקטאר מיט'ן הארבען ווארט — נעמט ארויס זייט מוחל אפּיא־טאקיל און נאט אייך אבילעט.

שא—שא! מאכט צו איהם דער נעפרוירענער—וואס איז עפּיס מיט אזא ירגזון? קוק איהם אן אגאנצער יחסן!

—מאכט ניט קיין אנשטעלען—זאגט צו איהם יוסיל קאנדוקטאר און גיט אהער אפּיאטאקיל!

עט נו!—מאכט צו איהם דער געפרוירענער— מיר וועסט דו מאלט אייך עפּיס אבלאזען פון אפּיאטאקיל.

—מיינע צרות וועל איך אייך אבלאָזען!—זאגט יוסיל קאנדוקטאר.

—האלט זיך מיט זיי געזונדערהייט! ענטפערט איהם דער גע־פרוירענער—איך האב געננוג אייגענע צרות.

וועל איך אייך ביטען מחילה איהר זאלט זיך מטריח זיין אראב פונ'ם וואגאָן! (צום קאוטשער:) רב כתריאל סטאפּ!

כתריאל דער קאוטשער שטעלט אב דעם טראמוואי און איז זיך ממש מחיה, און דאס פערדיל אוודאי.

—זייט זשע מוחל מיט דער רעכטער פוס!—זאגט יוסיל קאנ־דוקטאר צום נעפּרוירענעם. דער געפרוירענער זיצט, טאנצט מיט די פיס און רייבט זיך די הענד און ריהרט זיך ניט פונ'ם ארט.

—איהר ווארט אויף כבוד?—מאכט צו איהם יוסיל קאנדוקטאר —איהר ווילט איך זאל אייך נעמען באר'ן קאלנער און ארויסווארפען אויף דריי שפּענדליך? . . . לאז קומען דער „קאָנטראָליר" וועט איהר

האבען אייער פסק! . . . רב כתריאל! פאיטאל! — מאכט ער צום קאָטשער און דער טראמוואי פאהרט ווייטער.

—נישטאָ קיין אמת אויף דער וועלט!—רופט זיך אן פלוצים די יודענע פון די עפּעל.—מיט וואס איז דער יוד ערגער פון יענעם יודען, וואס יענער מעג פאָרען אהן אבילעט און דער טאָר ניט? באשר יענער טראָגט אטולופּיל אין דער געהט נאקעט? ער וועט דיר אבנוצען אשטיקעל בענקיל וועט ער דיר? צו דו מיינסט מע וועט דיר שטעלען אנאַלדערנע מצבה וועט מען דיר?

—ווער בעט אייך איהר זאָלט זיך ארויסשטעלען פאר אמליץ־יושר׳טע?—רופט זיך אן צו איהר יוסיל קאנדוקטאר.—וואס גלייכט איהר זיי צו יענעם יודען? יענעם יודען קאן איך; ער איז אטאטענס אקינד! נעבאך אנגעפּאַלענר; און זיי (ער ווייזט אויפ׳ן געפרוירענעם) איך וויים ווער זיי זענען! עפּיס א ארעמאן אישלעפּער!

—נו און אז א אָרעמאן איז וואס?—שטעלט זיך אויף די יודענע פון די עפּעל—בעדארף מען איהם ווארפען? וואס איז פאר אווארפען וואס? זעה נאָר וואס ער האט דא הוטא־בעגל געוועזן! דאס פערדיל געהט דאך במילא אין שטאדט אריין, וועט זיצען נאך איוד, עלעהיי לאז זיך דיר דאבטען, אז דו האסט שוין גענומען ביי איהם דאס פּיטאקיל, וועסט דו זיי שוין פעט מאכען דערמיט די יוך וועסט דו?

—אז מע פרעגט אבער ביי אייך קיין עצות ניט!—מאכט צו איהר יוסיל קאנדוקטאר—איהר גיט בעסער אהער אפּיטאקיל און נאט אייך אבילעט!

—אוי!—רופט זיך אן די יודענע—אט האסטו דיר די אנדערע טעג יום־טוב טאָמער איז קארג! איך האב אבער געוואוסט, אז ער וועט זיך טשעפּען צו מיר אויך! איך זאל אזוי האבען אלדעס גוטס ווי איך האב געוואוסט!

—וואס זשע דען האט איהר געמיינט?—זאגט יוסיל קאנדוקטאר איך וועל אייך פיהרען אומזיסט?

—וואס הייסט דו וועסט מיך פיהרען—מאכט די יודענע—דער וואָגען פיהרט מיך, ניט דו פיהרסט מיך! ער האט זיך אנגעהאנגען אמעשען קנעפיל און קאָמאנדעוועט! איך געדענק דאָך נאָך אז דו ביסט געוועזן אבעהעלפער ביי לייזער הערש דרדקי ביזט דו געוועזן, געטראגען די קינדער אויף די פלייצעס אין חדר אריין מיט אטצפעלע אָנבייסען, היינט וואס דערצעהלסט דו מעשיות בילעט—שמילעט?

—ווילט איהר הייסט דאס איך זאל אייך ארויס'שליידערען פון דאנען מיט'ן קאַ'שעק?—רופט זיך אָן יוסיל קאנדוקטאר מיט כעס און טהוט אפּייף צום קאוטשער: „רב כתריאל סטאָפּ"!

כתריאל דער קאוטשער שטעלט אָב דעם טראַמוואי.

—זייט זשע מוחל!—מאכט יוסיל קאנדוקטאר צו דער יודינע און וויל זיך צו ריהרען צום קאָשעק מיט עפּעל.

—דו מיינסט דאס טאקי באמת? זאגט צו איהם די יודינע פונ'ם קאָשעק—אנו לאָז דיר גאט געבען אזא מחשבה! איך וואלט וועלען זעהען, ווי אזוי וועט זיך ביי דיר אויפהויבען די האנד אויף א'ודינע איין אלמנה פון זעקס קינדער איינס קלענער פונ'ם אנדערען? די ווייסט וואס דאס איז פאַר עפּעל אָט די וואס איך פיהר? בהמה! פריער גאט'ס און נאכדעם פרעמדס! איך בין שולדיג אויף זיי די האָר זענען ניט מיינע. . . נאָר איינער! ווען דו ריהרסט זיך נור צו צו מיר האסט דו מארגען א האלבע שטאדט אויף זיך האסט דו! דער טוירט איז דיר קארג! וועסט דארפען אבטרעטען פון בערדיטשעוו וועסט דו דארפען אנטלויפען וואו דער שווארצער פעפער וואקסט! . . .

—פיוט! רב כתריאל, פאישאל!—רופט זיך אן יוסיל צום קאוטשער און מיר פאהרען ווייטער.

—וואס זאגט איהר צו מיינע גליקען? מאכט צו מיר יוסיל און זעצט זיך צו צו מיר—אָט אזוי ווי איהר זעהט זענען זיי דאָ אלע אזעלכע פארשוינען. ווער עס האט געלד און קאָן צאהלען דער געהט צו פוס,

און ווער עס האט ניט און קאָן ניט צאהלען דער פאהרט מיט'ן טראמ־וואי—און נעה מאך מיט זיי! . . .

ביי די ווערטער שטעלט זיך אב דער טראמוואי פון זיך אליין און איידער יוסיל עפענט אויף דאס מויל קריכט שוין אין וואגאן אריין א בלינדער יוד מיט א מיידיל, וואס פיהרט איהם ביי דער האנד, דער בלינדער א געשטופעלטער יוד מיט א מעשען פנים און מיט צוויי וויסע בעלמעס אויף די אויגען, דאס מיידיל נאך נאָר א יונג קינד, אנגעטהון מיט א מאנסבילישען פידזשאק אויפ'ן קליידיל און מיט רויטע אנגעדראלענע הענד, דער בלינדער ציהט אויס דעם קאפ און זינגט א לידעל:

הערט אויס, מענשען!
א מוסר זאלט איהר זיך נעמען,
פון מיר אצינד . . .
אמאל האב איך ווי אלע
געקוקט אויף מיינע אויגען
און היינט בין איך בלינד . . .

—יודישע קינדער!—רופט זיך אן דאס מיידיל—גיט עפיס א נדבה א בלינדען יודען!

דער יוד וואס מיט'ן טולופ טהוט זיך א חאפ ביי דער קע־שענע; נאר ער פערהאפט זיך באלד צוריק; אפנים ער האט זיך דערמאנט, אז ער האט נישט קיין קליין געלד . . . יענער, דער נעפרווירענער, מאכט זיך ווי ער דרעמעלט . . . די יודינע פונ'ם קאָ־שעק קראצט אויס ערגיץ פון א פעטשיילע א גראָשען און טראגט אונטער דעם בלינדען א נדבה מיט אזא מינע גלייך ווי זי וואלט איהם אונטערגעטראגען א נאידענעם מעדאל . . .

—נו?—בעקומען א נדבה? נעהט זיך געזונדערהייד!—מאכט יוכיל קאנדוקטאָר צו די אָרעמע לייט, בעגלייט זיי ארויס פונ'ם וואָגען, טהוט א פייף צום קאטשער: רב כתריאל פאשאָל! און מיר פאהרען ווייטער.

—נו ווי געפעלט אייך אשטיינער?—זאגט יוסיל קאנדוקטאר און זעצט זיך צו צו מיר—אנו, לאָם איך פרובען זאגען זיי עפיס א וואָרט, וועט מען אייך פערוואָרפען מיט שטיינער! איהר שפּעלט זיך מיט בערדיטשעווער אָרעמע לייט? איך וועל אייך זאגען דעם אמת, איידער זיין א קאנדוקטאר אָט דאָ א איז שוין טויזענד מאָל גלייכער זיין ניט נור א בעהעלפער, א הונטשלעגער! איהר ווייסט דען וואס דאס איז פאר א הונטישע ארבייט אָט דאָס קאנדוקטאראי? ראשית חכמה איז מען נידעריגער פונ'ם נידעריגסטען. מיין אייגענע שוועסטער; איך האב איין שוועסטער אין בערדיטשעוו, וויל זי מיט מיר ניט רעדען: „האסט זיך פערקויפט, זאגט זי, צו זיי פאר א שמאנדוקטער, רייסט פיטאק־ליך פון די ארעמע לייט און נעמסט אב דעם לעצטען ביסען ברויט פון די בעלי־עגלות נעבאך“! און די בעלי־עגלות נעבאך, וואס טהוען זיי? אלע טאג, אלע טאג סמ'ען זיי אונז אָב א פערד. פון פעטש שמועסט מען ניט. זיי האבען געשוואהרען אז זיי מוזען אדער אבשלאָ־גען מיר די זייטען און מאבען מיך פאר א קאליקע, אָדער אבטהון א שפּיציל איך זאל זיי האבען צו געדענקען ווייל איך וועל לעבען . . . „וואס האט איהר צו מיר?—טענה איך—ס'איז פאראן אחוץ מיר קארג קאנדוקטערס? . . . זאגען זיי: „מיר וועלען אייך אלעמען איבערברע־כען הענד און פוס! מיר בעדארפען ניט קיין טראמוואי אין בערדיטשעוו! אונזערע אבות אבותינו האבען זיך בעגאנגען מיט פראסטע בעלי־עגלות און אונזערע קינדער וועלען זיך אויך בעגעהן אָהן א טראמוואי! . . . היינט נעה זיי א קאנדוקטאר! מיינט איהר דאָך מסתמא אז איך ווער ביי זיי גליקליך? נישט מעהר זאלען דאס פערמאָגען די בעלי בתים פונ'ם טראמוואי ווי פיעל איך פערדיען ביי זיי! איהר קאָנט פערשטעהן אז נעמען נעם איך צוויי גילרען אטאָג אויף מיין עסען מיט מיין קליי־דונג מיט מיינס אלסדינג, און טאָמער מאכט זיך דער רוח טראגט אָן א קאָנטראָליר און ער חאפּט ביי מיר עמיצען אהן א בילעט, בעדארף איך נאך צאהלען שטראָף אויך. איאָ מע קאן דערפון לעבען און נאָך

אונטער האלטען איין אלטע מאמע אייז ארעמע? שא. אָן געהט דאכט מיר וועלוועל דער קאנטראליר אהער דאס געהט ער פון מאטי דעם קאסיר . . . געווען דארט אויף א ברית . . . רב כתריאל, נשמה מיינע. שמייסט נאר דאס פערדיל לאז דאס געהן גיכער, ווארים דער שווארצער יאהר האט שוין אנגעטראגען דעם קאנטראליר! פאשאל, פאשאל! . . .

כתריאל בראָקט דאס פערדיל אויף וואס די וועלט שטעהט. דאס פערדיל לויפט און וועלוועל דער קאנטראליר לויפט נאך נאכ'ן וואגאן און מאכט מיט ביידע הענד צום קאנדוקטאר ער זאל אבשטעלען דעם טראמוואי. יוסיל קאנדוקטאר מאכט זיך ווי ער זעהט ניט און דער טראמוואי פליהט. פלוצים . . . .

פלוצים הערט זיך א טראסק, א קלאפ פון צוויי דישלעס, א חראפען און א סאָפען פון צוויי פערד און קללות נמרצות פון צוויי קאוטשערעס, אזעלכע קללות, וואס מע קאן הערען נור אין בערדיטשעוו צווישען בעלי־עגלצים . . .

—א חלירע! א מיתה משונה! סע זאל ארוח אין דיין ט . . .ט . . . ט . . . אריין ביז אָדם הראשון נעפלויגען געווארען! . . .

—ווער דערווארגען מיט'ן דישעל און לאז זיך דיר שטעלען דאס מויל אויף א זייט! ארוח אין דיין ט . . . ט . . . דו ביזט בילבער!

—וואו זענען דיינע אויגען, דו ממזר? זעהסט אז איך פאהר רעכטס נעמט מען זיך לינקס!

—וואו שטעהט דאס געשריבען, דו פארך איינער, אז דו בעדארפסט פאהרען רעכטס און איך לינקס? טאמער איז נאר איבערגעקעהרט דעם פעלץ אויף דער אנדערער זייט; איך רעכטס און דו לינקס?

—בהמה, דערויף איז דאך פאראן צוויי ליניעס איך אהער און דו אהין!

—ביזט אליין אפערד! וואו שטעהט דאס געשריעבען אז דו אהער און איך אהין?

—ווייסט דו וואס? חאפט זיי בעני מיט זייערע ליניעס, מיט זייערע וואגאנעס מיט זייער גאנצען טראמוואי! נעב נור אהער, כתריאל סערדצע אציגאר־טוטין טאמער האסט דו?—ברענען זאלען זיי מיט'ן טראמוואי אויף איין פייער! וואו האב איך טוטין? איך האב געמיינט אפשר האסט דו אציגאר־טוטין טהו נור אזוף אין יענער קעשענע: עזריאל קרוין, דו ביזט אגוט ברודעריל, ב'לעבען. וואס מאכט עפיס די אלטע דיינע? שטילער געווארען אביסיל?

—ווי לאנג שמייסט מען זי! שטיל איז זי נור דעמאלט ווען זי שלאפט, וואס הערט זיך עפיס ביי דיר?

—וואס זאל זיך הערען? מע טהוט מיר אויף די „פאסטאראנקעס" איך האב מורא איך וועל מיט זיי שלאגען כפרות . . .

ווייסט דו נים וואס מע טהוט, בהמה? דו שלאג בעסער מיט זיי „בלאט"; נעם זיי אויפ'ן „דראנזשיק" אזוי ווי איך, וועלען זיי געבען האבער . .

—געבען זאל זיי גאט קריינק מיט קדחת אגרויס מיסטעל! . . . וואס טהוט עפיס דער „באולאכער" דיינער? ער געהט שוין ביי דיר אין פריסטאזש? צו נאך ניט?

—לאז ער דיר געהן אין גאטס ערד! ער האט מורא פאר א בייטש און מאכט „לעמעל" . . . א שוועבעלי האסט דו? נעב פייער . . .

און אט אזוי לאזען זיך ארײן ביידע קאוטשערס אין אלאנגען שמועס אויף בעלי־עגלה לשון, ווי די גרעסטע גוטע ברידער. אויך ביידע קאנדוקטארס פערבינדען צווישען זיך אשמועס גאר פריינדליך, ביז עס קומט אן וועלוועל קאנטראליר פרייליך פונ'ם ברית, און מאכט אנצפילדער.

—ארוה אין אייער פארענט און מיטען ארײן! איהר האט זיך שוין ווידער פערביטען מיט די יוצרות? אייער גליק וואס איך בין היינט אביסעל אויפגעלייגט פונ'ם ברית, וואס אונזער קאסיר מאטי

האט געמאכט, הערט איהר, קינדער, האט ער געמאכט א ברית—זאל ארוח אין זיין טאטען אריין! ניט אומזיסט זיצט ער ביי דער קאסע... איך וואלט אויך אבעל'ן געוועןǃ אכך בעסער ווי זיין א קאנטראליר, נאכלויפען נאכ'ן וואגען ווי א הונד!... נאר איהר מוזט זיך, קינדער, צופאהרען... רב בתריאל סערדצע נעמט זייט מוחל שפאנט איבער דאס פערדיל מיט'ן דישעל און פאהרט צוריק אויפ'ן וואגזאל און רב עזריאל וועט אייך נאכפאהרען הינטען...

—וואס איז עפיס געפאלען דער גורל אויף מיר?—זאגט בתריאל. לאז עזריאל איבערשפאנען דאס פערדיל און לאז פאהרען צוריק אין שטאדט אריין און איך וועל איהם נאכפאהרען הינטען.

—רב עזריאל! — רופט זיך אן דער קאנטראליר — נעמט, זייט מוחל, שפאנט איבער דאס פערדיל און פאהרט צוריק אין שטאדט אריין.

—אבער גאר לא מיט אלאנגע כף! — זאגט עזריאל — איך קאן באשטעהן אז בתריאל זאל איבערשפאנען דאס פערדיל און פאהרען צוריק צום באהן.

—איך זאל וויסען דער טוידט זאל מיר זיין — זאגט בתריאל — פאהר איך ניט צוריק!

—איך זאל וויסען אז איך נעם דא איין אמיתה משונה — זאגט עזריאל—ריהר איך ניט פונ'ם ארט.

—אזא יאהר! אזא מזל!—מישט זיך אריין די יודינע חאפט דעם קאשעק מיט עפעל און קריכט ארויס פונ'ם טראמוואי. אטענער פאהר! פיטאקליך הייסען זיי זיך נאך צאהלען! ווען איך געה צו פוס וואלט איך שוין זעקס מאל געוועןǃ אין שטאדט וואלט איך! א „טרעמבייק" האבען זיי צוגעקלעהרט אין בערדיטשעוו—טפו זאלען זיי ווערען!...

—און די יודינע מיט'ן קאשעק עפעל לאזט זיך געהן צו פיס.

—ווער איז די יודינע?—מאכט וועלוועל קאנטראליר צום קאנדוקטאר.

—ס'איז נעציבע, נעצ׳בע, די אלמנה, איהר קענט זי ניט?— זאגט יוסיל קאנדוקטאר.

—וואס וועט זיין?—זאג איך צום קאנדוקטאר—מיר וועלען שוין דאָ שבת האלטען?

—אזוי ווייזט דאס אויס—מאכט ער און פערדרוקט א פאפיראָס.

„אפנים—טראכט איך מיר—אז מע בעדארף נעמען די פיס אויף די פלייצעס און עולה רגל זיין אין שטאדט אריין . . . איך נעם מיין טשעמאדאנטשיק אין די הענד אריין און לאז מיך געהן מחילה צו פוס, פאהרען אן פון הינטען חברה בעלי־ענלצים מיט א פייף מיט א הוק און מיט א געלעכטער.

—אהא? דער רבי האט נישט נעוואלט עסען קיין טייגליך מיט פאפולים? איהר האט נישט געוואלט פאהרען מיט קיין פראסטען בעל־עגלה? מיט׳ן „טראמבעליק" האט זיך אייך נעגליסט? אייער גליק וואס איהר זענט נאך ארויס גאנץ, נישט געמאכט פון אייך קיין פרעזשיניצע . . . קריכט שוין אין בויד אריין פעטער מיט׳ן טשעמאדאנטשיק, קריכט אין וואס פאר א בויד איהר ווילט, ביי אונז איז יד אחת, אמכה בחברותה, וואס נאט גיט אבי אין איינעם . . . וויאָ קינדער, וויאָ — וויאָ! . . . איך קריך מיט מיין טשעמאדאנטשיק אין בויד אריין און פאָהר אריין קיין בערדיטשעוו מיט גרויס פאראד.



# II.

# בערדיטשעווער האַטע־ען.

—אויב איהר ווילט ס'זאל זיין וואלוועל און ס'זאל לאפּמשען, וועל איך אייך פּערפיהרען אויף ארעבטע סטאנציע!—מאכט צו מיר מיין בעלי־עגלה און פיהרט מיך צו צו א צוויינאָרענדינע שטוב מיט אָבגעקאלופּעטע ווענט, און איך לייען איבער איין אויפשריפט מיט גרויסע אותיות; האָטעל טערקאליא און קלאַפּט מיט דער בייטש אין טיר און שרייט אויף א קול:

—נח! נח! וואו ביזט דו ערגיץ אין אלדע רוהות? עפען! איך האב דיר געבראכט א העכט! . . .

אויף דעם געשריי עפענט זיך די טיר און עס בעוויזט זיך א יודיל, וואס מע רופט איהם נח, דער שווייצאר פון'ם האָטעל. ער חאפּט מיין טשעמאדאנטשיק, פרעגט מיך ניט, און טראגט דאס ארויף אויף די טרעפּ, גלייך אויפ'ן אויבערשטען גאָרען און טהוט מיך א פרעג:

—וואס פאר א נומער למשל ווילט איהר: מיט געזאנג צי אהן געזאנג?

—וואס פאר א געזאנג?—זאג איך.

—פון די „אקטעיורען“, ביי אונז שטעהן די אקטעיורען פונ'ם יודישען „טרעיאטער“, און אקעגען שטעהט ביי אונז א חזן פון דער ליטא מיט צוועלף זינגערליך. נעקומען צו פאהרען אויף שבת. מען זאגט אז ס'איז ניט קיין שלעכטער חזן; גאר איין אנטיק זאגט מען פון א חזן!

—עס קען זיין!—זאג איך—אז ער איז איין אנטיק פון א חזן; נאר איך בין איהם מוחל; איהר גיט מיר בעסער א נומער אהן געזאנג.

ווי איהר ווילט אייך!—מאכט צו מיר נח דער שווייצאר.—איך קאן אייך געבען איין אנדער נומער, די ברירה איז ביי אייך; נאָר אז עס וועט אייך זיין דארטען ניט אזוי, זאלט איהר צו מיר נאָכדעם קיין טענות ניט האבען.

—וואס הייסט—זאג איך—„ניט אזוי“?

—למשל—זאגט ער—טאמער וועט מען אייך בייסען.

—ווער—זאג איך—וועט מיך בייסען?

—ווער וועט אייך בייסען?—זאגט ער—איך וועל אייך ניט בייסען; די וואנצען וועלען אייך בייסען.

—אויב אזוי—זאג איך—לאָז שוין זיין מיט נעזאנג . . .

און נח דער שווייצאר פיהרט מיך אריין אין א פינסטער חדר מיט א משונה מאָדנע רח פון פרישע פעל, נאר וואס אויסגעמאכטע און פוילע אונערקעס מיט מאבאָרקע; און איידער איך קוק מיך ארום, וואו איך בין אין דער וועלט, האפט נח עפיס א זאך און הויבט דאס אן צו פאטשען, ווי מע פאטשט א ווייכען קישען בשעת מע וויל עמיצען מאכען א גוט נעלעגער ער זאל הנאה האבען. בשעת פאטשען רעדט נח צו זיך אליין און שעלט עמיצען, מיט טוידטע קללות:

—דו יאָלד איינער! דו ים-קאָטער! דו אקסענהארן! אט גיב איך דיר א שמיר איבער'ן טשאָלענט-ברעטיל און מאך דיר קאָלי הי יאס-לעס! די גאנצע וועלט פאהרט פונ'ם באהן, און ער איז אריין מיט די שטיוואלעס אין בעט. זיך צולייגט ווי ביים טאטען אין וויינגארטען און חאָליעט אין דער קריינק! א שענער לאָקיי! קראנק געווען ביז אהער עפענען די לאָדען? צו שטעלען דעם סאמאווער? צי אבפוצען די אק-טעיורען די שטיוועל? צי אויפראמען ביים חזן מיט די זינגערליך? משה מרדכי הלך מיט ן קאפ אין דער ערד.

ערשט דאָ האב איך דערזעהן א היבשען בחורעץ מיט גרויסע יוס אנגעשמירטע שטיוועל, און איך האב שוין פערשטאנען פון וואנען דער רח געהט . . . די פעטש וואס דער לאָקיי האט געהאפט פונ'ם

שווייצאר האט ער גאנץ פיין אראָבגעלאזט אין קעשעני, אבגעווישט די ליפּען גלייך ווי ניט איהם מיינט מען, אויפגעעפענט די לאָדען, א קוק געטהון אויף מיר און צעלאַכט זיך:

—זעהט נאר זעהט—מאכט צו מיר דער שווייצאר—טאָמער ווייסט איהר וואס איז מיט איהם דער געלענדער? סע שטופּט איהם הנאה די פּעטש אויפ'ן ניכטערען הארצען! משה מרדכי הלך מיט'ן קאפּ אין דער ערד! דו פּאסקודנער בחור! דו קארטאָפלי־פּרעסער! דו לאָקשען־שלינגער! דו ביינעל־האפּער! . . .

—און נח דער שווייצאר דערלאַננט איהם א טראסק אין האלז און אָקען און ווארפט איהם ארויס אויף יענער זייט טיר.

—א גאנץ עהרליכער בחור!—מאכט צו מיר נאכדעם דער שוויי־צאר—נאר אביסעל א פוילער, האט א הארטען שלאף. אהן פּעטש וועט איהר איהם ניט אויפוועקען בשום אופן! הצרעוועט נעביך ווי איין אייזיל! וואס ער פערדינט ניט ער אָב דער שוועסטער, קוים גע־פועלט ביי איהם ער זאל זיך מאכען א פּאר שטיוועל . . . וואס וועט איהר זיך עפּיס הייסען געבען צו דער טיי? פריש געבעקס, אייער־בייגיל, קארזשיקליך מיט מאָהן, אדער בערדיטשעווער ברענזעלען?

און נח דער שווייצאר דרעהט זיך אוים און ווערט פערשווינדען.

—פּעטער! איהר זענט שוין א געדאווענטער?—מאכט צו מיר עמיצער און שטעקט ארייין א קאפּ אין דער טיר.

—וואס נעהט עס אייך אן?—פרעג איך איהם.

—איך האב צו אייך א בקשה—מאכט ער.

—ווער זענט איהר?—פרעג איך איהם.

—איוד—מאכט ער— א פרעמדער, נישט קיין הינער; איך האב געוואלט בעטען אייך אויף א מינוט אייער טלית און תפילין; מיינעם האט מען אוועקגענגב'עט ערשט נעכטען אָט דאָ, אויף דער שענער סטאנציע.

עס עפענט זיך די טיר און עס שטעקט אריין נאך א קאָפּ, אהן א היטעל, און רעדט אויף עטליכע שפּראכען מיט אמאָל:

—ראזניך, טאָווארָוו, פּאני! זאָקען גוטע! רענקאָוויטשקי זיעמני, בעסטע ווארע, וואָלוועל! מילאָ וועדע וויאָלעט! פּאָקופּאייטי זייף, פּאני, אויף א פּעטשאַטיק! בחצי חנם, יאק באָנא קאָחאַם! . . . קויפט איך זאָקען חאָטש א האלב טוץ . . . לאז אייך נאט נעבען נעזונד . . . איך האב נישט נעוואוסט ווער איהר זענט, ווארום סע מאכט זיך אמאל מע טרעפט אָן אויף א פּריץ און מ'ע רעדט צו איהם אוועק א שעה בסדר אויף אונזער יודיש לשון, חאפּט מען א פּסק, האב איך מיך מישב נעווען, איך וועל מיך פּרובען אויף פּויליש, אויף רוסיש, אויף דייטש; איך פ'ערשטעה דאנקען נאט עטליכע שפּראך..... הענטשקעליך א פּאר גוטע, ווארעמע, ווילט איהר ניט?. . . איך בין ווי איהר זעהט מיך חלילה נישט קיין נעבאהרענ'ער פּעקיל-טרענער, איך האב נעהאט אמאל א גרויסע קראָם, ווי איהר זעהט מיך, נעווען אמאל א גרויסער סוחר, נעפאהרען אויף די גרעסטע ירידים: קיין יארמעלינ'ן, און קיין פּראָסקערעוו און קיין פּאָלטאַווע . . . מעהר הייסט דאס ווילט איהר נאר ניט? זייף א שטיקיל? א קעמעלע א גוטס, פון די אנטיקען? ניין? א דאנק אייך פאר'ן פּדיון! מיינע קינדער וועלען זיך מחיה זיין . . . אפשר וועט איהר פאָרט קויפען עפּיס א בערשטיל א גוטס? אדער א שניפּסיל א שיינס? אדער נאך א האלב טיץ זאקען וועל איך אייך אבגעבען וואלוועלער, ניין? איהר ווילט נישט? האט זיינע אייך א גוטען תמיד! . . .

דער יוד האפּט דאס היטעל און נעהט אוועק. עס קומט אריין איין אנדער יוד, שוין מיט א היטעל.

—קויפט ביי מיר זאקען, פּעטער! גוטע זאקען, וואלוועל!

—איך דארף נישט קיין זאקען—זאג איך—א דאנק!

—וואס הייסט—זאגט ער—איהר דארפט נישט קיין זאקען? אט האט איהר דאך נור וואס נעקויפט א האלב טיץ זאקען ביי יענעם.

איך בין אויך אויד איין אָרימאַן און א מטופל מיט קינדער, צוויי יונגליך אין דער „אוטשיליסטע" איינער איז ביי א בעל־מלאכה און די קלענערע אין חדר . . . א דאנק אייך! זייט געזונד, גאט זאל אייך בעגליקען . . .

נאך דעם יודען קומט אן איין אנדער יוד, א הויכער, א דארער מיט איין איבערגעשראָקען פנים.

—אויב איהר ווילט פערדינען א מצוה, איהר זאלט פערשפּאָרען פאַסטען תשעה באָב, נעמט צו ביי מיר א רעשטיל אין גלייכען געלד פערבליבען ביי מיר זאקען א פּאר טיץ.

—איך דארף נישט קיין זאקען!—זאג איך—איך האב שוין גענוג זאקען!

—איך גיב זיי אייך אבּ אונטער'ן קרן—זאגט ער—איך דינג מיך מיט אייך ניט; וויפיעל איהר וועט געבען, געבען זאל אייך גאט געזונד און גליק און לאנגע יאהר! . . . איך האב אזוהן אין גימנאזיע, ענדיגט ער היינטיגס יאהר, וויל שטודירען אויף דאָקטער. „דו וועסט שוין פערשפּאָרען,—זאגט ער—טאטע, אזוי האָרעווען דענסמאל, הארעווען וועל איך שוין, און דו וועסט שוין, זאגט ער, אביסעל אָברוהען" . . . אזוי זאגט ער צו מיר, מיין זוהן! . . . נאר דערווייל מוז מען איהם אונטערהאלטען מיט א דרייערייל, חאטש ער פערדינט שוין קיין עין הרע אליין אויך אזעלכע צעהן קארבען א חודש . . . בלייבט געזונד און זייט מצליח! . . .

נאך דעם יודען קומט אריין א יודינע מיט א טערקישען שאל און רעדט מיט א ננון:

—דאס זענט איהר דער אורח פון יעהופּעץ?

—יא, וואס איז דען?

—איך האב געהערט זאגען אז איהר זענט געקומען קיין בערדי־טשעוו קויפען זאקען, האב איך אייך געבראכט עטליכע טיץ זאקען

אויף א מוסטער ביי מיר איז א פאבריקע פון זאקען, שוין צעהן יאהר אז איך ארבייט זאקען . . .

—ווער האט אייך גערזאגט—זאג איך—אז איך קויף זאקען? איך בין נייטש געקומען נאך קיין זאקען! איך דארף נים קיין זאקען!

נאָר די יודינע הערט נים וואס איך רעד און טהוט זיך איהרס: זי פּאָהלט ווי א מיהל.

—מיינע זאקען האבען א שם אויף גאנץ בערדיטשעוו! קוקט אָן א זאָק! . . . וואס זאגט איהר אויף דעם זאָק? . . .

—אבער אין נאמעס ווילען!—שריי איך—איך קויף נים קיין זאקען! איך דארף נים קיין זאקען!

—אָט לינען דאך—זאגט זי—ביי אייך זאקען!

—דאס האב איך געבראכט זאקען אויף צו פערקויפען!—זאג איך און בענלייט ארויס די יודינע און פערשליס די טיר. עס נעהט נים אוועק קיין פינף מינוט, הער איך עמיצער קלאַפּט.

—ווער איז?—פרעג איך און האב מורא עפענען די טיר, טאמער טראגט מען מיר זאקען.—ווער קלאַפּט דאס?

—ס'איז איך!—ענטפערט מען מיר פון יענער זייט טיר.

—ווער איז דער „איך"?—פרעג איך

—דוד!—ענטפערט מען מיר.

—וואָסער דוד?

—דוד שפאן.

—וואסער דוד שפאן?

—דוד שפאן דער קאָמיסנירו!

—וואס דארפט איהר?—פרעג איך איהם— אפשר זאקען?

—איהר דארפט—זאגט ער—זאקען? אָט טהו איך א שפאן צווי־שען די קלייטען און ברענג אייך זאקען!

—ניין! ניין!—שריי איך—איך דארף נישט, איך דארף נייטש קיין זאקען!

איך עפען אויף די טיר, קומט מיר אקעגען נח דער שווייצאר אנגעלאדען מיט בילקים און מיט בייגיל, מיט קיכליך, פלעצליך, קארזשעקליך און פרענזעלען.

—פון וועמענס וועגען איז דאס אזוי פיעל פראָוויזיע?—פרעג איך איהם.

—וואס האט איהר יסורים?—זאגט נח—פאר די הינט וועט מען דאס חלילה ניט ארויסווארפען. פאראן קיין עין הרע ווער ס'זאל עסען. איך אליין האב זעקס פיקערס איינענע, אחוץ צוויי פרעמדע, יתומים נעביך . . . זאגט מיר בעסער, וואס זענט איהר פאר א מאָדנע בריאה א זעלבע? איהר דארפט האבען זאקען האט איהר נישט געקאנט זאגען מיר, נישט דוד'ל שפאן. ער זאל אייך געהן ברענגען זאקען?

—ווער האט איהם געהייסען—זאג איך—ברענגען זאקען?

—איך ווייס ניט—זאגט נח—ווער עס האט איהם געהייסען. איך האב איהם געוויס ניט געהייסען! דוד'ל גנב וועט אייך ברענגען זאקען, וועט זיין וואס צו זעהן. באדריפעטשער זאקען! . . .

ביי די ווערטער עפענט זיך אויף די טיר און עס קומט אריין א געפּאקט יודיל מיט רויטע באקען, מיט א פערשוויצט פנים און מיט א לילקע ציבעקיל אין מויל. איך מאך ניט קיין לאנגע שיהות, נעם איהם אן ביי דער האנד און וויז איהם די טיר.

—געהט אייך געזונדערהייט מיט אייערע זאקען, צו אלדע גוטע יאהר! איך דארף נישט קיין זאקען!

—גאט איז מיט אייך—רופט זיך אן צו מיר נח דער שווייצאר—וואס טרייבט איהר זיי? דאס איז דאך אונזער בעל־הבית, דער בעל־הבית פונ'ם האטעל! . . .

—אזוי גאר? האט קיין פאראיבעל ניט!—זאג איך צו איהם און גיב איהם אב שלום און טראג איהם אונטער א בענקיל—איך האב געמיינט אז דאס זענט איהר יענער יוד, וואס איז אוועקגע־אפען מיר

ברענגען זאקען . . . איין אומגליק, מע האט מיך פערוואָרפען מיט זאקען! א מבול פון זאקען! זיצט איך בעט אייך.

—א דאנק, איך קאן בעשטעהן!—מאכט צו מיר דער בעל־הבית אין זעצט זיך אנידער און פופקעט פינ'ם לילקע ציבעקיל.—פון וואנען קימט אן א יוד? פון יעהופעץ? איך האב דארטען א בעקאנטען אין יעהופעץ דאס הייסט ער זיצט שוין נים אין יעהופעץ, ער איז אריבער־געפאהרען פון דארטען שוין לאנג, איך האב מורא אויב נים א יאהר אכצעהן און אפשר כאקי אלע ניינצעהן . . . קיין אדעס, זאגט מען, איז ער אריבער געפאהרען ער האט דארטען קרובים אין אדעס, ס'איז ביי זיי א קאנטאָהר פון וייץ, צוויי קאנטאהרען, איינע אין אדעס, די אנדערע אין ניקאלאיעוו . . . די אדעסער קאנטאהר מאכט נישט קשה, נאר די ניקאלאיעווער קאנטאהר מאכט ניט אזוי גוט, מחמת ניקאלאיעוו איז צינד געשלאגען, שטארק געשלאגען, איבער פעאָדאָסיע זאגט מען, איבער דעם פאָרט וואס מע האט געמאכט אין פעאדא־סיע . . . ס'איז היינט א גאנצע שטאדט געווארען פעאדאסיע, איך האב אין פעאדאסיע אויך בעקאנטע. א פיינע שטאדט, זאגט מען פעאדאסיע! . . .

איך זעה אז ס'איז א מעשה אהן איין עק, פאל איך איהם אריין אין די רייד און טהו איהם א פרעג:

—וואס האב איך אייך אין זינען געהאט פרעגען? יא. פארוואס האט איהר א נאמען געגעבען אייער אכסניה „האטעל טערקאליא“?

—איך געדענק נאך פעאדאסיע—ענטפערט מיר דער בעל־הבית—פאר אקליין שטעדטיל . . . איך בין אליין פערשטעהט איהר מיך א דארטינער, א בעסאראביער בין איך, פון בעסאראביע פון א קליין שטעדטיל דובאָסארע, דאס הייסט געבאהרען בין איך פון בעלץ . . . איהר זענט געוועזען אמאל אין בעלץ? א פיינע שטאדט בעלץ; נאר ווי קומט זי צו קעשעניוו? . . .

—ניט מארגען געלי, רעטיך טראג איך!—מישט זיך אריין נח

דער שווייצאר פון דער ווייטען—איהר מעגט רעדען מיט'ן בעל־הבית א ביסיל העכער. ס'איז ביי זיי קאלי די שמועה, זיי הערען ניט גוט . . .

איך רוק זיך צו צום בעל־הבית גאנץ נאהענט און שריי איהם אויף א קול גלייך אין אויער אריין:

—איך פרעג פאר וואס הייסט עפּיס אייער האטעל מיט אזא מאָדנעם נאמען?

—וואס שרייט איהר אזוי!—מאכט ער צו מיר—איך בין נישט טויב! א מאדנע נאמען זאגט איהר? מיט וואס איז ער אזוי מאָד־נע? „אינטאַליא“ איז גוט, „פּאָרטוגאַליא“ איז גוט, און „טערקאַליא“ טויג ניט? יענע אַלע נעמען האט מען פערחאפּט פריהער, האב איך א נאמען געגעבען נאכ'ן טערק . . . יא, איז ווי האלט איך? קעשע־ניוו! א שארפע שטאדט קעשעניוו, און די מענשען? . . . נישט באדריפּעטש! . . . ביי אונז אין בעסאראביע, הערט איהר, זענען נאר אנדערע מענטשען! ביי אונז אין בעסאראביע עסט מען נאר אנדערש . . . ביי אונז אין בעסאראביע אז מע זעצט זיך עסען דער־לאַנגט מען, הערט איהר, צום אלעם ערשטען די שענע פיש פּונ'ם שענעם טייך; נאכדעם „קאָדע“ דאס פעטע שטיקיל „קאדע“ נאכדעם גיט מען אויף דעם גרויסען טעלער דו שענע די ריינע מאַמאַליגע, וואס מע שניידט דאס מיט'ן גרויסען פאדעם אין דער ברייט. נאכ־דעם דערלאַנגט מען די פרישע, די הייסע פאפּשויעס און מע פער־טרינקט מיט דעם אמת'ן, דעם ריינעם, דעם בעסאראַביער וויין, און מע פערבייסט מיט דעם רעכטען, דעם גוטען נאַהוט . . .

און דער בעל־הבית בשעת מעשה בעלעקט זיך און מאכט מיר איין אפּעטיט צום עסען און בשעת דער בעל־הבית רעדט פון די בעסאראביער מאכלים, לאזט זיך הערען פון איין זייט א געזאנג פון א ליטווישען חזן, וואס ציקעלט זיך, שרייט און מאכט מאדנע הויות:

ישמחו ב—
מלכותך שו—
מרי שבת ו—
קוראי ענג . . .

און דאס כאָהר צעטהיילט זיך אויף צווייען; איין האלב כאהר זינגט:

טוראָרורל! טוראָרורל! טוראָרורל! טוראָרורל!

און דאס אנדערע האלב כאָהר האלט אונטער:

פּים—פּאָם! פּים—פּאָם! פּים—פּאָם!

און פון דער אנדערער זייט הערט זיך אגעזאנג פון די „אקטעיורען„:

פּי—סע—ליך! און פּי—סע—ליך!

און לע—בע—דינע פּי—סע—ליך! אויף מיר אזא יאָהר! . . .

אויך דער משרת וואס פוצט די שטיוועל אונטער מיין טיר טהוט אלע מאל א שפּיי אויפ׳ן בערשטיל און זינגט א לידיל:

האב איך א שווינער
האט זי איין איי—איי—איידעם!
שלאגט ער איהר טאָכטער,
ציטערט דער באיי—איי— איידעם!

און נאך א געזאנג לאָזט זיך הערען, א קול פון א יודינע, וואס זי שעלט דעם מאן; דאס זוכט די בעל־הבית׳טע דעם בעל־הבית אין אלע נומערען און הערט נישט אויף צו שעלטען איהם מיט משונה מאָדנע קללות, וואס לאזען זיך אויס מייסטענס מיט א גראם:

—א מכה א צרה! א שלאק א כפּרה! . . . איין אויסנים א קללה! א קלאָג א יללה! . . . א פייער א שרפה! א מהומה א מגפה! . . .

* * *

—איהר וועט עסען מיט׳ן בעל־הבית און מיט דער בעל־הבית׳טע

—מאכט צו מיר נח דער שווייצאר אויף די טיר—צו איהר וועט גערן עסען אין א רעסטאָראציע!

—אין א רעסטאראציע!—זאג איך—אין א רעסטאראציע! . . .

